# אַ וואָרט פריער

צום פּעטראַרכישן און צום שעקספּיריאַנישן סאָנעט, האָט מעינקע קאָן צוגעגעבן ניט דעם „קאָן סאָנעט”, נאָר וואָדען דעם: מעינקע סאָנעט. אָט אַזוי אָ האָט ער דעם נייעם סאָנעט אָנגערופן, די בכורה אָפּגעגעבן דעם שטעטלדיק־ספּעציפישן יידישן נאָמען זיינעם, ניט דעם משפּחה־נאָמען, און אַזוי אַרום אַריינגעבראַכט אַ טאָן פון שפּילעווע־דיקער אינטימקייט און בשעת מעשה געשאַפן אַ שטרענגע נייע פאָרם אין דער פּאָעזיע.

דער מעינקע סאָנעט איז אַ סאָנעט לויט דער שליחות, לויטן גייסט און לויט די פערצן שורות. ס׳איז אָבער פאָרט ווייט פון די טראַדיציאָנעלע פאָרמען: מאָדערן, ווייל ניט „געשמידט צו דער קלינגענדיקער קייט — דעם גראַם”. און דאָך ציט עס יניקה פון אַן עלטערער שיטה איינסדרונג, וואָס בויט זיך אויף וואַריאירטע גרופּעם באַטאָנונגען, ניט אויף שלאָס און גראַם.

מאָדערן זיינען מעינקע׳ס סאָנעטן אויך מיט זייער געאָמעטרישן פּרינציפּ אין דער קאָמפּאָזיציע. די לידער מאַכן: דריי־עקן. אַוואַנגאַרד ווי קאַנדינסקי, וועלכער האָט „דאָס לעבן פונעם גייסט” פאָרגעשטעלט ווי אַ באַוועגנדיקן דריי־עק, האָט מעינקע ווי קאָמינגס צוגעוואונען דעם וויזועלן תחום ווי אַן אינטעגראַלן חלק פון פּאָעטישן באַדייט.

דער מעינקע סאָנעט הייבט זיך אָן מיט אַן איינציקן פערז־פוס וואָס באַשטייט פון צוויי זילבן. יעדע שורה וואַקסט צו אַ זילב אַ שורה ביז וואַנעט מ׳דערגרייכט די זיבן מיט אַ האַלב פוסיקע פערצנטע שורה, מיט אירע פופצן זילבן. סיי אויף יידיש סיי אויף ענגליש, האָט מעינקע אָפט אויך באַנוצט די פאָרם פון צווייאיקן סאָנעט, וואו די צווייטע העלפט ווערט קלענער און קלענער אין גענויער פּראָפּאָרץ צו דער לכתחילהדיקער עקספּאַנסיע, דערגייענדיק צוריק, אַזש ביזן בראשית פון איינציקן פערז־פוס.

די־אָ באַוועגונג, פון אַן איינס צו אַן איינס, פון אָנהייב ביז סוף און אָנהייב ביז אָנהייב — דער סוף ווי דער אָנהייב — איז אַ קאָסמאָס

וואָס דערמאָנט אין די מאָדערנע קאָסמאָלאָגן וועלכע באַנעמען אונדזער קאָסמאָס ווי אַ יש וואָס הייבט זיך אָן מיט אַן איינאיינציקן פּונקט, פאַרגרעסערט זיך כסדר, אפשר מיט דער צייט אומקערנדיק זיך אויף צוריק ביז וואַנעט די גראַוויטאַציע וועט איינזאַמלען דעם טאָטאַלן חומר, ווידעראַמאָל ביי אַן איינאיינציקן פּונקט. אויב איך געדענק גוט מעינקע'ס אַ לעקציע איבער קבלה, זעט דער זוהר אַ מעשה בראשית וואו אַלץ הייבט זיך אָן מיט איין ליכט.

אין אָט דעם בוך, וואו ס'ווערן צונויפגעזאַמלט מעינקע'ס יידישע סאָנעטן, גייען אַריין זיינע לעצטע אויסגעענדיקטע לידער, וואָס זיינען אַלע: מעינקע סאָנעטן.

הערי סמיט

ניו־יאָרק 1992

# דער מעינקע סאָנעט

איך הייב אָן מיט צוויי זילבן און ענדיק מיט פופצן (איך הייב אויך אָן סאָנעטן מיט פופצן זילבן און ענדיק מיט צוויי). פֿאַרשטייט זיך אַז ס׳גייט ניט נאָר אין ציילן זילבן. די אויפגייענדיקע און פֿאַלנדיקע שטימונג פֿון ליד דאַרף זיין אין פולער האַרמאָניע מיטן יאַמב און זיין היפּוך — דעם כאָריי. דער יאַמב איז אגב אַמבעסטן צוגעפּאַסט צו דער ענגלישער פּאָעזיע, דער כאָריי צו יידיש. די קאָנטראַסטן צווישן דעם אַנאַפּעסט מיטן דאַקטיל שפּיגלען אויך אָפּ דעם אינהאַלט, אין אַלע פּאָרמען פֿון מיינע גראַמלאָזע לידער. איך האָב ליב צו זוכן חידוש, צו גיין איינער אַליין מיטן אייגענעם וועג. מיר דאַכט זיך, אַז ווען די מייסטער וואָלטן היינט געלעבט, וואָלט זיי נמאס געוואָרן אַלעמאָל נאָכצוגיין די טריט פֿון אַנדערע פּאָעטן אין גאַנג פֿון די דורות.

מעינקע קאַץ

ספּרינג גלען, ניו־יאָרק 1988

(אַן אויסצוג פֿון זיין ענגלישער אויטאָביאָגראַפֿיע)

# אינהאַלט

## קעגן גראַם



## יידיש, מיכאַלישעק, סווינציאַן



## ניו=יאָרק



## ארץ ישראל

## די צוואה



## לעצטער סאָנעט

# קעגן שלאָס און גראַם

ברודער,
פּאָעט, זע
דאָס ליד הינטער
גראַמען, ווי גראַטעס,
רײַסט זיך פֿון דורות יאָך.
לידער זיצן אין גראַמען,
ווי מענטש, פֿויגל און חיה אין
שטײַגן. איך האָב געזען ווי שמשון
הגיבור, מיט פֿויסט אין מויל פֿון אַ לייב,
זיך קאָרטשען אין דרייען, אונטער דער משא
פֿון גראַם. גבֿורה געשמידט צו דער קלינגענדיקער
קייט — דעם גראַם, שמאַכט נאָך דעם פֿײַער פֿון וואָרט וואָס זאָל אויף
אייביק פֿאַרברענען די זשאַווערן פֿון גראַם. אין שימל
בלײַבט דער גראַם, אויב אַפֿילו מיט צאַרטסטער פּײַל פֿון זילב געטאָקט.

זאָל דאָס וואָרט בלענדן פֿרײַ, ווי בליץ דורך כמאַרעס, קראַכן גראַמלאָז
ווי דונער, איבער אַ געחלשט פֿעלד, אַ געבענטשטער
אָנזאָג אויף רעגן. אַ געיאָגטע סאַרנע דורך דער
שרעק פֿון וואַלד, לויפֿט ניט פֿונעם יעגער דורך גראַמען.
מצבֿות, די טרויעריקסטע שטיינער אויף
דער ערד, טרויערן ניט אין גראַמען. הער,
געלעכטער הילכט ניט פֿרײַ, פֿרילינגדיק
דורך גראַמען, אויב אַפֿילו דורך
דורכזיכטיקע קרישטאָלן
פֿון געשליפֿנסטן פֿערז
געלייטערט. דער גראַם
אויסגעגלעט, אוים
געקײַלעכט,
שנײַדט אין

לייב פון
וואָרט זיך איין
ווי אַ וואונד, ווי
אַ ווערגנדיקע
רייף. אויב ווי דורשט, קוואַל, זון,
שטורעם איז אייביק דאָס ליד,
ווער קען די זון אין צעל פון גראַם
פאַרשליסן. ווער קען די אייביקייט
צו אַ מאָס פאַרמשפטן, דעם שטורעם
אין דער ענגשאַפט פון דער געציילטער אומרו
פאַרשפאַרן. סיי פון מענטש, מיסט, רויז, קרעץ, גיט ניט גאָט אין
קיין מאָס דאָס ליכט פון מאַיען, דאַרף ניט דאָס ליד קיין מאָס,
ווי ס׳דאַרף ניט די שיינקייט קיין וואָג, ווי ס׳דאַרף ניט קיין ווינט, קיין
פויגל קיין קאָמפּאַס. אַ פאַרטאָג הינטער גראַמען פאַרשלאָסן,

הערט בענקען ניט אויף נאָך אַ גראַמלאָזן שטראַל. אָ זאָל דאָס וואָרט
זיין געשמאַק, ווי אין מיין הונגעריקער קינדהייט אַ פריש
פענעצל ברויט. אָ זאָל דאָס וואָרט פאָרן סופלאָז דורך
צייט און רוים, ריידן פנים אל פנים, האַרץ צו
האַרץ, מיט מענטש פונעם ווייטסטן, ליכטיקסטן דור.
מלחמות דורך ברענענדיקע פעלקער,
פלאַקערן ניט צום גראַם. אַן אַראָפּ
געשאָסענער עראָפּלאַן, אַ
פאַרוואונדעטער אָדלער, פאַלט
ניט צום גראַם. קיין שטורעם
וואָרצלט קיין בוים ניט
אוים אין גראַמען,
אָ, ברודער
פּאָעט.

## רעזומע

דער ים
אין פולער
רציחה איז
אַ גראַמלאָזער רוף,
נאָך אַזאַ ווייטן טאָג,
אָן תפיסות, אָן שלעסער, אָן
ריגלען, אָן קייטן, אָן גראַמען.

## יידיש־קודש

יידיש, ווי מיין מאַמעס אָנבליק פאַרגייט קיינמאָל ניט. יידיש
איז אין איר גרויער שטוב, די ליכטיקע מלכה שבת,
איבער איר אָרעמער „אַלדאָסגוטס”, די געבענטשטע
ליכט. יידיש, מיין טאַטנס הימל, נאָענט ווי די ערד,
דעם ישיבה בחורס גמרא ניגון,
מיין באָבעס טרער פון האָפענונג, דער צער
פון מיין מומע ביילקעס פאַרבראָכענע
הענט. ווער קען האָלט האָבן ביז דער
טיפסטער טיף, אָן האַס קעגן
שונא, אָן דעם זיידנס
מעסערדיקן מוסר?
מאַמע־יידיש,
אוי, יידיש־
קודש.

# דאָס ליד פֿון אַ ליטוואַק

שלמה
המלך:
לידער פֿון די
ווייַנגערטנער קען דאָך
אַפֿילו אַ פּתי
דערהערן. אָ, איך זינג דאָס
געזאַנג פֿון אַלע געזאַנגען
צו דער בולבע, צו דעם יום־טובֿ פֿון
מייַן געוועזן שטעטעלע. די בולבע
איז פֿון אַלע פֿרוכטן דאָס שעמעוודיקסטע
פֿרוכט. פֿון קיין אויג ניט פֿאַרבאָרגן, בליִען עפּל,
קאַרשן, באַרן, לאָזן זיך אָן בושה פֿון יעדער
שטראַל פֿאַרזוכן. בלומען ווי גאַסנמיידלעך קען איטלעך
בין פֿאַרנאַרן. די בולבע, ווי אַ ליטוואַק, לערנט
טיף דעם סוד פֿון ווערן, אונטער דער ערד. יע, אַז
פֿאַראַן מער סודות אין אַ בולבע, ווי אין
אַלע שטערן, ווייסט דאָס מינדסטע קערנדל,
דער גרעסטער חכם אויף דער ערד. אויב
אין ווייַנגערטנער זייַנען פֿאַראַן
שיכורלעכע לידער איז
דערפֿאַר אין בולבעס דאָ
דער טעם פֿון מייַנע
שטעטעלעך: סוויר,
מיכאַלישעק,
סווינציאַן.

# מאַי אין מיכאַלישעק

אַ מתנה מיין זון הירשע־דוד,
וועלכער האָט באַזוכט מיין שטעטעלע מיכאַלישעק אין 1990,
זיבעציק יאָר נאָך דעם ווי איך בין אַוועקגעפאָרן אין אַמעריקע

וואָס טוט איצט אין מיכאַלישעק דער מאַי, אויב ניט צו ווייזן
אַז בעז איז דאָ די ערשטע בלום פון עלנט. דודס האַרף
אין ווינט שפּילט אַן אָדע צו יידיש, אָן יידן. אָ,
אויסגעלאַכט, אויסגעוויינט מאַמע־יידיש, פּשוט
ווי די שטיינער וואָס האָבן געצאָרנט דורך
די ווילנער און וואַרשעווער געטאָס. אָוונט.
די זון פאַרגייט דאָ ווי אַ שריפה
פון שייטערהויפנס. נאַכט. שטערן
צינדן יאָרצייט־ליכט אין די
חרובע געסעלעך,
נאָך די קדושים.
יידיש, מיין ערשט
געשריי, מיין
לעצט — — קוש.

# נאָך דער שחיטה אין סווינציאַן

צום פופציקסטן יאָרצייט פון ניין טויזנט יידן
פון סווינציאַן און סווינציאַנער קרייז, אָקטאָבער 1991

ש״ט״י״ל! וויי, די אימהדיקע שטילקייט נאָך אַ שחיטה. דאָ בענקט
אַ שפּילכל נאָך אַ געוועזן קינד, דאָרט שרעקט אַרויס די
פּוסטקייט פון אַ ליידיק וויגל. ווערטער שוועבן ווי
אויף די פליגל פון פאַרצוקטע פייגל. דאָ שטומט
אַ וואָרט ווי אַן אָפּגעהאַקטע צונג. דאָרט קלאָגט
אַ וואָרט פון שעכטער ניט דערקוילעט. דאָ
רייסט אויף אַ וואָרט, אַ קללה וואָס שטעלט
אָפּ דאָס האַרץ פון שונא. דאָרט טאָגט
אַ וואָרט, אַ טרער, אַ פלאַם, אַן
עמוד אש: אַ גרויזאַם
ליכט. פון אַזאַ בראַנד
בלייבט פון שעכטער
קיין זכר ניט.
אמן.

דאָס ליד איז בקול רם געלייענט געוואָרן, שוין נאָכן פּאָעט׳ס טויט, אויף דער יאָרצייט
פאַרזאַמלונג ביים מאַסן קבר אין סווינציאַנקע, ליטע, אָנהייב אָקטאָבער 1991.

# אויף מיין ניו־יאָרקער גאַס

אור־
אַלטע
מויערן,
מיד פון שטייען
דאָ דורות האָבן
אַליין צום טויט זיך פּאַר
משפּט, מיען זיך אַליין
די ציגל צו צעוואַרפן. האַרבסט.
דער ווינט רייסט אויף די ביימער קריעה.
געבוידענע שלעפּער זוכן מזל
אויף שטיינערנע געלעגערס, אין פּאַרלאָזטע
חורבות. ווייס גרעט דערמאָנט אין תכריכים. גרעט־שטריק,
ציען זיך ווי צויבער־שלאַנגען. די שטאָט קלעטערט דורך
אייזן און חלום, הימל און שטאָל. אָוונט. אַ זונה
אַ קהלשע ליאַלקע, אַ בעטלערישע פּרוטה, ווערט זי
אין בין השמשות אינגאַנצן גאָלד. פון בענקשאַפט ווערן מיינע
פינגער גרוי. אַפילו גאָט, אויף מיין גאַס, שטאַרבט פון אייביקן עלנט.
אַ פלאַטערל, אין שפּינוועבס געפאַנגען, זאָגט ווידוי מיינע לידער.

# רויז פון שרון

איך האָב געזען אויף אַ גאַס פון ניו־יאָרק די רויז פון שרון:
וואָס טוסטו דאָ צווישן די שטיינער פון דער שטאָט? פאַרוואָס
ביסטו אַנטלאָפן פון אייביקן שיר השירים?
— איך בין שוין מיד פון אַלע קושן פון שלמה
המלך, מיד פון אייגענער שיינקייט. איצט
וויל איך ניט קיין מלך, אַ בעטלער אויף
די גאַסן פון דער שטאָט זאָל שפּילן
מיט מיר אַ ליבע. הער, אָ הער,
דאָס געוויין פון דורות שרייט
ווייט אַריבער דאָס ליד
פון אַלע לידער.
איצט וויל איך זיין
אַ טרער פון
מיין פאָלק.

איז די רויז פון שרון איצט צווישן די שטיינער פון ניו־יאָרק,
די קרוין פון עלנט. און נס איבער נס, אונטער האָגלען
פון טריט ווערט די מלכה פון רויזן ניט צעטראָטן.
ניט קיין בעטלער, אַ ווינט קומט פרעגן די רויז: זאָג
מיין ליבע, האָסט מיך ליב, צי ניט? קלערט די רויז
אונטער די שלאָגנדיקע טריט פון שטאָט,
קושט אוים די קושן פון ווינט, שפּילט „אום
צי גראָד" מיט זיך אַליין, מיט די
אייגענע קרוין־בלעטלעך: ליב?
ניין! גייט דער ווינט אַזאַ
ברוגז־טאַנץ, אַזאַ
חנדל: זאָג, רויז
דריי מאָל ליב,
אָדער

פייל פון
בויגן, איך
אַנטלויף, זאָגט די
רויז: לויף! קום אָ קום
דו, דאָרן, לאָמיר שוין,
ביידע אַ ליבע שפּילן,
וועט פאַלן אויף אייביק דער האַס.
קומט דער דאָרנדיקסטער דאָרן, דער
מענטש, רייסט גליד נאָך גליד פון דער רויז און ס׳איז
נאָך אַלץ ניט הויל, נאָר ס׳בלייבט די רויז אין שטיין ווי
אַ בעכערל שרעק. ווער קען דערהערן דורך די
געשרייען פון דער שטאָט איר שטום געשריי, אויב ניט דער
עלנט דער געטרייסטער פריינד? ווייסט שוין איצט די רויז: העכער
פון אַלע יאָמערן איז נאָר דאָס געוויין פון אַ שטומען.

קעגן הפקר פון דער שטאָט האָט די רויז פון שרון מיט דער
גבורה פון שטיין זיך פאַרצווילינגט, קעגן שטיינער זי ניט
פאַרשטיינען, איז די רויז פון שרון דער כוח פון
אַ ריז, קליין ווי דודם שטיינדל קעגן קאַרליק —
גלית הפלישתי. שטאַרקער פון מענטש, שטיין, טויט
איז די רויז — דאָס קינד פון שיר השירים.
אָ, רויז פון אחרית הימים, ביסט
אייביק ווי צער, שטויב, פרייד, שטערן;
לעבעדיק ווי דער טויט פון
יחזקאלם ביינער־טאָל.
אָ, רויז פון שרון,
אָ, אויג פון גאָט,
גורל פון
מיין פאָלק.

# אַ צימערל

מיין דריי־פּיסיקער טיש, ווי אַ הינקענדיקער בעטלער אויף
קוליעס איז אַ ליד פון מיינע לידער. קעגנאיבער,
אין אַ פאַרלאָזטער חורבה וואַלגערן זיך שטערן אין
די שפּאַרעס פון אַ זונהס וואַנציקער בעט.
אַ מענטש ביי אַ מיסט־פּעסל, זוכט אַ מאכל
מיט טעם פון מאַרציפּאַנעס

דער אָנהייב פון אַ מעינקע סאָנעט אויף וועלכן דער פּאָעט האָט געאַרבעט די לעצטע פּאָר טעג פון זיין לעבן.

## צפת

צפת, קרוין
פון גליל,
מיט געסעלעך
פון דורות דלות
אויסגעקרימט, פון חכמה
און די טריט פון משיח
אויסגעקאַרבט. באָרוועסע בעטלער
זיינען דאָ די ערשטע צו טאָגן,
אַנטקעגן אַ הימל, נאָענט ווי דער
גן־עדן וואָס אר״י הקדוש האָט דאָ
אויף שטיין און דאָרן פאַרפלאַנצט. אָ ווען איך זע די זון
אין וואונדער איבער וואונדער שטאַרבן, דאַן ווייס איך אַז
שיין ווי דו קען זיין אַפילו דער טויט, הער איך דעם ווינט
שווערן אַז מיין פאָלק איז אייביק, ווי רבי עקיבא
דורך אייזערנע קאַמען, ווי דיין הימל וואָס וועט דאָ
קיינמאָל ניט אויפהערן בלויען. די לעגענדעס
שמעקן דאָ מיט ריחות פון אונדזער פאַסטעך־
שטאַם. אַז לעבן איז אייביק, דערציילן
באַגינענס. צפת, שוועסטער פון פלאַקער
וואָס ווערט קיינמאָל ניט פאַרברענט. גוט
איז פון דיין בין השמשות
לערנען שיין צו שטאַרבן
און גוט איז פון דיין
פאַרטאָג לערנען
זיך אייביק
לעבן.

# וואָלקנס איבער צפת

האַרבסט. צפת
צווישן בערג,
וואָלקנס, טאָלן
און שאַקאַלן. די
וואָלקנס זיינען לאַנג שוין
מיד פון די הויכן, זיינען
זיי דאָ פון דעם לאַנגן וואַנדער,
צו די זיידע־בערג צוגעפאַלן.
זינדיקע וואָלקנס, רייסן זיך צו דער
פשוטער ערד, ווילן חברן זיך מיט
שטיבער, מענטשן, שטיינער, נאָר ניט אין גן־עדן,
ווייט פון הייליקייט, ווייטער פון גאָט, דערציילן אַז
אַנטלאָפן איז פון גן־עדן אַליין דער מענטש, פאַרבענקט
רופן זיי אַהיים, דעם תהו ובהו פון פאַר בראשית.

## האַרבסט אין צפת

אָ, פון
די קרומע
געסעלעך פון
צפת, וואָס קען דאָ זיין
קרומער, אויב ניט דער אור
אַלטער, לאָמער בעטלער מיט
די בעטלענדיקע הענט וואָס ציילט
די זונפאַרגאַנגען אַוועק ווי די
אויסגעריבענע גרושים, אין ווייסע
שלאָף־פּלוידערן, ווי ס׳וואָלט דאָ אַ נאַכטוואַנדלער
פאַרבלאָנדזשעט פון אַ לבנהדיק לאַנד. וואָלקנס
אויסגעוואַנדערט פון ימי בראשית, לייגן זיך
גרוי און מיד אויף די בערג אַנטקעגן, די בערג ווי מחנות
קעמלען, אין אייביקן וועג. דורך מיר גייט פון בענקשאַפט אוים דער
בין השמשות. אַן אייזל אונטער משא ברומט ווי דורך בר
יוחאים הייל. דאָס קלאָגן פונעם ווינט שרעקט ניט פון קיין בוים
די בלעטער, ווי ס׳וואָלט אַ ניט־דאָאיקער קמצן
אַרוים זיי ציילן. דער האַרבסט דורך די חורבות
שרייט גוואַלד מיט די קולות פון ניו־יאָרקער
שטאָלן. אַ שטערן האָט דעם לעצטן
שטראַל ווי אַמנון תמרן פאַר
שפּילט. ווייטע דורות ווערן
נאָענטע מעשהלעך פון
אַמאָל. ניט דער האַרבסט,
גאָט אַליין איז
די פראַכט פון
גליל.

# קינדער פון צפת

קינדער
באָרוועסע
אין באָרוועסן
צפת, מיט געשמאַקן
יידיש, פולע מיילער,
ווי איר וואָלט מיין שטעטעלע
צערוישט איבער צפת, מיר דאַכט, איר
זייט די קינדער פון פאָנאַר, מיינע
חברים פון גן־עדן, אינגאַנצן
יידיש, אויסגעטאָן פון טויט, דייטש און שרעק, ווערט
די ערד אונטער אייך — הימל. פון שכנישן
בית־עולם שלייכט אַרוים אר״י הקדוש, גייט אייך
נאָך אין שפּעטן זונאויפגאַנג, טראָט נאָך טראָט, טייטשט אַ נייע
קבלה אוים פון מאַמע־יידיש, ווערט יידיש די עלפטע

ספירה איבער צפת. יידיש: צער, פרייד, חלום, וואָר פון מיין פאָלק.
זע, אָט פאַלט מיין שטעטעלע אין זונפאַרגאַנג, ווי אין אַ
שייטערהויפן. אָט פליט מיין ברודער אליהו
אין אַ רייטוואָגן פון פייער, צו דער שכינה
פון יידיש. דורך זיין געוויין, ווי דורך דעם שם
המפורש, קומען קינדער פון די מאָרד־
אויוונס. אַ פענעצל לבנה
איז אַ נאָגל פון אַ קינדס האַנט
וואָס בלעטערט די הימלען פון
צפת, ווי די בלעטער פון
אַ שטערנדיקן זהר
וואָס נאָר טויטע
קינדערלעך
פאַרשטייען.

# בין השמשות אין צפת

אַלע
געסעלעך
פון צפת, ווערן
אינעם זונפאַרגאַנג
הייליקע שטעגן, וואו
פאַרבלאָנדזשעטע מלאכים,
בעטן איטלעך גוססדיקן
שטראַל: אָ פיר אונדז, אָ, שטאַרבנדיקער
ברודער, צוריק אַהיים, צום גן־עדן.
אָ הער די מלאכים קלאָגן אינעם ווינט.
מלאכים זיינען פרי־פאַרשניטענע קינדער,
ניט געטאָגטע פאַרטאָגן: ברידער, שוועסטער פון בית־
עולם גראָז; פון ניט געהיילטע וואונדן באַשאַפט גאָט,
די טרויעריקסטע שקיעות, און איך ביים ערב אונטערגאַנג,

ערב אייביקע נאַכט, טו תפילה צו מיין טאַטע־מאַמע:
אוי, טאַטע, אוי, מאַמע, גוט איז מיר אַזוי וואָס מיין נאַכט
בלייבט אָן אַן איינציקן שטערן, נאָר ניט דאָ לעבן
קבר פון אר״י, נאָר ביי אייערע קברים
וואָס בענקען נאָך מיר אויף דער וואָכעדיקער
ערד פון רויכיקן ניו־דזשערזי, וועל איך
פון מענטש, שלאַנג, אָדלער זיך באַהאַלטן.
(אויך דאָס לעצטע ליכט פון אָט דעם
ליד וועט ווי איך, אינעם שטויב
פאַרפאַלן ווערן.) ניט
די זון, גן־עדן
פאַלט אין מויל פון
גיהנום.
גאָט וויינט.

# ביי דער תליה אין עכו

איך שטיי
דאָ איצט ביי
אייער תליה
אין עכו, קינדער
אייביקע פון מיין פאָלק:
וואָסער ווייטן דור האָט איר
מיט די לעצטע בליקן געזען?
פון וועלכן נאָך ניט געבאָרענעם
ייִד, דערהערט אייער אייגן גלייביק קול?
אין וועלכער שקיעה האָט איר דערזען אַלע
תליות ברענען מיט אַ פלאַם אַזאַ וואָס לאָזט פון
אַלע לאַנגע, ווערגנדיקע נעכט נאָר אַ קינדיש
באַגינען? אַ שיידימדיק געלעכטער האָט דאָ געלאַכט
דער תליון, אַ נצחון געלעכטער פון טיטוס, היטלער,

טאָרקוועמאַדאָ, פון אַ געלעכטער אַזאַ בלייבט אַפילו
ניט קיין פייגעלע, קיין קינד, קיין בלום, בלייבט פון דער זון — אַ
שוואַרץ יאָר, בלייבט אַ צאָרן אַזאַ, ווי פון טאָרנאַדאָס, וואָס
צעקאָכט די גבורה פון וואָרנדיקע פעלדזן.
עס שטומט די תליה אַ זאַט סקעלעטנדיק
שטומען. אַפילו אַ רים פון פּאַפּיר
דערמאָנט אָן קריעה. אַרום ווערט נאָך
אַמאָל געבאָרן אונדזער אור
אַלט לאַנד, טאָגט אוים אייערע
ניט געטאָגטע יאָרן,
אין פלאַקער פון סנה:
דעם גורל פון
אייביקע
ייִדן.

# אויפן וועג קיין סדום

מלוכה
פון זון. סדום,
ניט פון ליים און
ציגל, ניט פון הענט, —
פון זון געבויט, לאָזט ניט
קיין גלעט פון אַ שאָטן, קיין
קוש פון טוי ניט צו. לוטס ווייב איז
שוין ניט קיין זייל זאַלץ, נאָר אַ זייל זון.
דער נגב איז אַ גאָרטן פון פלאַמען
אַ שטראַל איז אַ פאַרשאָלטענע רויז. אָ, די
גרויזאַמסטע פון אַלע מלוכות: מלוכה פון זון.

מלוכה
פון שטויב, זע,
צויבער־בערג, די
וועלטן וואָס דער שטויב
האָט אויסגעקלערט. ווינט און
געלעכטער, צאָרן און געוויין
פון שטויב. צדיקים און רשעים,
גן־עדן און גיהנום פון שטויב.
די מלוכה פון שטויב איז אייביקער פון
אַלע אייביקייטן, אייביקער פון זון,
אָ אייביקער אַפילו פון הימל, פון גאָט.

אָט, אַ
קעמל, אַ
בעדואינער,
ווי פֿון אַ מיראַזש
אַרויס. די דערנער פֿון
נגבֿ, די רשעים פֿון סדום
נאַרן נאָך דעם מידן וואַנדערער
אין סדום־בעטל אַריין, האַקן נאָך
פֿון געסט די צו לאַנגע פֿיס, טייטלען נאָך
מיט די צעבראָכענע, אַשיקע פֿינגער,
קעגן דעם פֿאַרברענטן, מדבר־דיקן הימל.

אָט אַ
ייִד, יעקבֿס
ראַנגלענדיקער
מלאך. אָט איז אַ
ייִד, מיט אַ פּלייט אין מויל,
אַ פּאַסטעך מיט שאָף ווי פֿון
אברהם אבֿינוס סטאַדע
פֿאַרבלאָנדזשעט. אָוונט. אַ ישוב אין
זונפֿאַרגאַנג, מיין שטעטעלע אויף פֿליגל,
גרייט אַהיים פֿליען, נאָר מיין שטעטעלע פֿאַלט,
צעפֿאַלט אין שטעכיקע שטיקער נאַכט פֿון נגבֿ.

שאָטנס
שפּאַנען מיט
טריט פון מיינע
דערשטיקטע פעטערס,
יעדער מיט אַ גוף פון
צאָרן, מיט אויגן — פעך און
שוועבל, גלעטן פאַרשאָלטענע
פלאַמען, בעטלען רשעות פון שטחים
פאַרחלשטע: אוי, ליבינקע סדום, שענק
אַ לעצטע, איינאונאיינציקע נדבה:
טויט, ווייל ליכט איז גרויזאַמער פון יעדן חושך.

נאַכט. גאָט
בצלם
אדם, טרייסלט
אָפּ פון זיך קללות
פון יאָרטויזנטן, בענטשט
אויך סדום מיט די ברכות פון
ערב בראשית. די ערד איז אַ
בתולהדיק געלעגער, רייצט די נאָך
אומבאַרירטע דורות. אַ לבנהדיק
מיידל, אַ נאָך ניט געבאָרענע חוה
דרימלט דאָ אין די אָרעמס פון אַ מדבר־בוים,
וואַרט נייגעריק, אין חלום, געבאָרן צו ווערן.

מיידל,
מיין נאָך ניט
געטאָגטע זון,
מיין פֿאַרבענקטע וועלט;
וואַרטסט אויף מיר זינט ערשטן
באַשאַף, געדולדיק ווי צייט.
וואַרט אָ וואַרט, פֿון שורש ביז דער
איינזאַמער קרוין פֿון נגב־בוים. כ׳וועל
קומען צו דיר, זיכער ווי דאָס ליכט פֿון
אַ ווייטן מאָרגן. כ׳וועל זיין לעבן דיר, אַ
מעשהלע וואָס דער ווינט האָט נאָך ניט אויסדערציילט.

# די צוואה

גאָר מיין ליבשאַפט פאַר דיר, ביז מיין צאַרטסטער טרער, הירשע=דוד,
מיין זון, טרעט צאַרט אויף שטויב, איטלעך שטויב ווי אַ וואונד טוט ווײ.
דער שטויב אונטער דיין פוס שוויגט אוים דעם יאָמער פון דער
שחיטה אין סווינציאַן, שטומט אוים די צוואה פון
קברימלאָזע יידן: ברודער, מיר זיינען
אַש און פאָרעך, פעך און שוועבל, טשאַד פון
גאַז=אויוונס. דורך דיר זאָל אייביק וואַקסן
אונדזער צאָרן קעגן שונא.
הער אין יידיש אונדזער קול.
מיר זאָלן ניט ווערן
קיין מעשהלע פון
אַמאָל, ניט קיין
קדיש נאָך
דיין פאָלק.

געשריבן דריי טעג פאַרן פאָעט׳ס טויט.

# צו אַ פֿלאַטערל

זע, דאָס
פֿלאַטערל
גרייט זיך פֿאַרגיין
ביים ערשטן גלי פֿון
געבאָרן ווערן. אוי,
אַזויפֿל שאָטנס איילן
פֿאַרנאַכט אַן איינציק פֿלאַטערל
באַפֿאַלן. דיין טאָג, דיין גרויס לעבן:
די וועלט קומט אום ביי דעם אָנקום פֿון דיין
אָוונט. אוי, פֿלאַטערל, ביים סוף פֿון דיין טאָג
ווער איך, ווי דו, אַ וועלט אַזאַ וואו ס׳איז ניטאָ
קיין הימל, קיין ערד, קיין לעבן, קיין טויט — אַ וועלט פֿון
גאָרנישניט. פֿלאַטערל, מיר וועלן בלייבן ביידע אין
ווינט, נאָך אַ נעכטיקן טאָג זיך יאָגן. אויף אונדז וואַרט אַ נאַכט
אַזאַ, אַ בלינדע עקרה וואָס קען שוין ניט געבאָרן
קיין פֿאַרטאָג. פֿלאַטערל, איך בין ווי דו אויפֿגעגאַנגען
אַזוי באַגינענדיק קלאָר. איך וועל ווי דו מיט הענט,
ווי פֿאַרבענקטע פֿליגל ביי אַ פֿענצטער פֿאַרגיין.
אָן דיר, אָן מיר וועט נאָך פֿינצטערער ווערן
די פֿינצטערניש. איך וועל ווי דו מיט דער
הויך פֿאַרצווײלינגט ווערן, בלייבן וועט
מיין ליבע ביי אַ צעדערבוים
מיט די קושן פֿון מיין מויל
פֿון מיר טרוימען. איך וועל
זיין די ליכטיקסטע
טרער אין אירע
טויטפֿולע
אויגן.

# נאַכט איין נאַכט אוים

נאַכט איין,
נאַכט אוים קומט
מיר צו חלום
דוועירקע, מיין ברודער
עלציקס טויטע כלה.
אָט גנבעט זי זיך אַרוים
פון איר מאַסן קבר און בליט
אויף מיט אירע זעכצן פרילינגס אין
באַבלומטע צעפּ און לבנהדיקע
קליידער. אָט קומט איר אַנטקעגן איר ליבסטער
און זאָגט איר: די זיבן ימען, און די זיבן הימלען
איז באַשערט מיר זיינען אייביק ווי דער אַכטער ים
און דער אַכטער הימל

ניט געענדיקטער מעינקע סאָנעט געשריבן אינמיטן נאַכט, די נאַכט פאַרן פּאָעט׳ס טויט דעם 24טן אַפּריל 1991. דוועירקע איז געווען די געליבטע פון מעינקע׳ס ברודער עלציק אין סווינציאַן. יינגלווייז איז מעינקע געווען דער עדות אַז עלציק און דוועירקע האָבן האַלבע נאַכט געשוואָרן אייביקע ליבע ביים אויפגעעפנטן ארון קודש אינעם „אַלטן בית מדרש" אויפן סווינציאַנער שולהויף. עלציק איז צו זיבעצן יאָר געשטאָרבן (בערך אין 1917) ביי די דייטשן אין אַ באַראַק אין בואוויץ. דוועירקע איז אים געבליבן געטריי ביז די נאַציס און זייערע אַרויסהעלפער האָבן זי דערשאָסן אינאיינעם מיט די ניין טויזנט יידן פון סווינציאַנער קרייז וואָס זיינען אומגעקומען אין סווינציאַנקע (ניי סווינציאַן) אין אָקטאָבער 1941 ביים מאַסן קבר וואָס הייסט „פּאָליגאָן".

# ביכער פון מעינקע קאַץ

דריי שוועסטער
מילוואָקי 1932



דער מענטש אין טאָגן
ניו־יאָרק 1935



ברענענדיק שטעטל
בוך I און בוך II
ניו־יאָרק 1938



ס׳האָט דאָס וואָרט מיין באָבע מאָינע
ניו־יאָרק 1939



צו דערציילן אין פריידן
ניו־יאָרק 1941



דער פּשוטער חלום
ניו־יאָרק 1947



אינמיטן טאָג
ניו־יאָרק 1954



Land of Manna
שיקאַגאָ 1965



Rockrose

ניו־יאָרק 1970



Burning Village

ניו־יאָרק 1972



צפת

תל אביב 1979



Forever and Ever and a Wednesday

ניו־יאָרק 1980



Two Friends

(Harry Smith מיט)

ניו־יאָרק 1981



A Chair for Elijah

ניו־יאָרק 1985



Two Friends II

(Harry Smith מיט)

ניו־יאָרק 1988



Nearby Eden

ניו־יאָרק 1990



מעינקע סאָנעטן

ניו־יאָרק 1993



# ביכער צוזאַמענגעשטעלט

גע‏זאַנג פֿאַר דער זומער פּראָגראַם:
יידישע פֿאָלקסלידער
אָקספֿאָרד 1985



Freshness of the Ancient: Modern Yiddish Poetry
מאַדראַס (אינדיע) 1986 -1987



# זשורנאַלן רעדאַגירט

מיר
(מיט יעקב סטאָדאָלסקי און וויליאַם אייבראַמס)
ניו־יאָרק 1944



Bitterroot
ניו־יאָרק 1962 -1991



# איבערזעצונגען
(אָפּקלייב)

Twelve Poems of Menke Katz
(יאַפּאַנעזיש)
טאָקיאָ 1967



Land of Manna

(גריכיש)

אַטען 1968



On the Death of a Day Old Child

(קאַנאַדאַ — אַן אינדישע שפּראַך)

באַנגאַלאָר 1968



Initiation à Menke Katz

(פראַנצייזיש)

מאָנטרעאַל 1972



פרח סלע

(העברעאיש)

מרחביה 1973



Menke Katz' Choice Poems in Italian

(איטאַליעניש)

מאָנטרעאַל 1974



This Little Land

(ענגליש)

ניו־יאָרק 1992



Menke Katz in Shona

(שאָנאַ — אַן אַפריקאַנישע שפּראַך)

גרייט צום דרוק

